י. ס. טורגעניעוו

# מומו



קינדער־פארלאג

י. ס. טורגעניעוו

# מומו

מויש—דער ניסטער



קינדער-פארלאג
1935

רעדאקטער—אי. גרינזײַר
צייכענונגען—ג. באָנדארענקאָ
סטענאָגראַפירער—יא. אָלמאנ
קאָרעקטער—נ. ראכליס

# 1

אין איינער פון די פארוקטע מאָסקווער גאסן, אין א גראָוו־געפארבט הויז מיט ווייסע קאָלאָנקעס, מיט אן אנטרעסאָל און מיט אן אויסגעקרימטן גאנעק, האָט געוווינט אמאָל א פּריצע — אן אלמאָנע, ארומגערינגלט מיט פילצאָליקע הויף־באדינער.

פון דער גאנצער צאָל דינערשאפט איז דער סאמע מערק־ווירדיקסטער פארשוין געווען דער הויף־וועכטער געראסים, מיט א קערפּער פון א ריז און א טויב־שטומער פון געבוירן. די פּריצע האָט אים גענומען פון דאָרף, ווו ער האָט געוווינט איינער אליין אין א קליין שטיבל, אָפּגעזונדערט פון די ברידער, און מ'האָט אים געהאלטן פארן סאמע בעסטן צינזש־צאָלנדיקן פויער. פארמאָגנדיק אן אומגעוויינלעכע קראפט, האָט ער געארבעט פאר פיר — די ארבעט האָט געברענט אונטער זיינע הענט, און עס איז א פרייד געווען אפ אים צו קוקן, ווען ער האָט אָדער געאקערט, זיך אָנלייגנדיק מיט די גרויסע הענט אפ דער סאָכע, און געדאכט האָט זיך, אז ער אליין, אָן דער הילף פון פערדל, שניידט עס אוף די שטייפע ברוסט פון דער ערד, אָדער ווען אין

פעטערס טאָג*) האָט ער אזוי האסטיק געפּאָכעט מיט דער קאָסע, אז אפילע א יונג בערעזעווע וועלדל וואָלט ער פון די וואָרצ־לען אראָפּגעהאקט, אָדער ווען ער האָט פלינק און אָן אָפּשטעל געמעלויצעט מיטן דרייארשיניקן מעלויצ־שטעקן, און, ווי א הויבער, האָבן זיך אלע מאָל אראָפּגעלאָזט און אופגעהויבן די לענגלעכע און הארטע מוסקולן פון זיינע אקסלען. נאָר אָט האָט מען גערעסימען געבראכט קיין מאָסקווע, מע האָט אים געקויפט שטיוול, אופגעבנייט א קאפטאן אף זומער, א טולופּ — אף ווינטער, מע האָט אים געגעבן אין די הענט א בעזעם און א לאָפּעטע און אים באשטימט פאר א הויפ־וועכטער.

האָט ער צוערשט שטארק ניט ליב געקראָגן זיין ניי לעבן. פון קינדווייז אָן איז ער געווען געוווינט צו פעלד־ארבעט, צום דאָרפישן שטייגער. זיין טועכץ אף דער נייער שטעלע האָט זיך אים אויסגעוויזן א שפּאס נאָך די שווערע פויערישע ארבעטן; פאר א האלבער שאָ איז בא אים אלץ געווען פארטיק, און ער פלעגט זיך אמאָל אוועקשטעלן אינמיטן הויף און קוקן מיט אָן אָפּן מויל אף אלע דורכגייער, ווי ווילנדיק זיך דערשלאָגן בא זיי א לייזונג צו זיין געהיימניספולער לאגע, אָדער פלוצלינג פלעגט ער אוועק ערגעץ אין א ווינקל און, אָפּוואָרפנדיק ווייט דעם בעזעם מיט דער לאָפּעטע, זיך א וואָרפן טאָן אף דער ערד מיטן פּאָ־נעם אראָפּ און גאנצע שאָען אָפּליגן אפן בויך אומבאוועגלעך,

* א רעליגיעזער יאָנטעוו.

ווי א געפאנגענע כאיע. אָבער צו אלץ ווערט א מענטש געוווינט, און אויך געראסימ איז ענדלעך צוגעוווינט געוואָרן צום שטאָטישן לעבן. קיין סאך ארבעט האָט ער ניט געהאַט: זיינע פליכטן זיינען באשטאנען בעסאכאקל אין האלטן ריין דעם הויף, צוויי מאָל אין טאָג ברענגען א פעסל וואסער, ברענגען און אָנהאקן האָלץ פאר דער קיך און שטוב, און קיין פרעמדע ניט אריינלאָזן, און באנאכט גיין אפ קאראול. און מע מוז זאָגן, אז זיינע פליכטן האָט ער אויסגעפילט פלייסיק: אפן הויף האָט זיך בא אים קיינמאָל ניט געוואלגערט קיין שפענדעלע, קיין מיסט; ווען ס׳פלעגט פארסטרעמפּניעט ווערן מיטן פעסל ערגעץ אין דער צייט פון די בלאָטעס די קראנקע שקאפע, די וואסערפירערן, וועלכע מע האָט אים איבערגעגעבן אפ זיין אופזיכט, פלעגט ער נאָר מיט איין אקסל א שפאר טאָן אזוי, אז נישט נאָר דעם וואָגן, אליין דאָס פערד פלעגט ער פון אָרט ארויסשלעפן; צי אז ער האָט זיך גענומען האקן האָלץ, האָט די האק בא אים אזוי געקלונגען, ווי גלאָז, און ס׳פלעגן פליען אין אלע זייטן שפענער און האָלץ־שייטלעך; און וואָס געהער פרעמדע, איז נאָכדעם, ווי ער האָט איינמאָל באנאכט, ווען ער האָט געכאפּט צוויי גאנאָווים, זיי צעבוצקעט איינס אין אנדערן מיט די שטערנס, און אזוי צעבוצקעט, אז כאָטש פארשפּאָר זיי שוין דערנאָכדעם פירן אין פּאָליציי, האָבן אים אלע אין אוטשאסטעק זייער אָנגעהויבן צו אכטן; אפילע באטאָג, דערזעענדיק דעם גרויזאמען הויף־וועכטער, פלעגן דורכגייער, שוין גאָר־

ניט קיין שווינדלער, נאָר פּאָשעטע אומבאַקענטע מענטשן, זיך מיט די הענט אָפּשאָקלענ און האָבן געשריגן אָפּ אים, גלייך ער וואָלט געקאָנט הערן זייער געשריי. מיט דער גאַנצער איבעריקער דינערשאַפט איז, עמעס, געראַסימ געווען נישט אין גאָר פּריינטשאַפטלעכע באַציִונגען — זיי פלעגן פאַר אים אַביסל מוירע האָבן, נאָר דאָך נישקאָשע־ ווייל: ער האָט זיי געהאַלטן פאַר אייגענע. זיי האָבן זיך מיט אים צונויפּ־ גערעדט אָפּן ווונק, און אויך ער האָט זיי פאַרשטאַנען, האָט פּינקטלעך אויסגעפילט אַלע באַפעלן, אָבער אויך זיינע רעכט האָט ער אָפּגעמאָנט, קיינער האָט ניט געוואַגט זיך אוועקזעצן אַף זיין אָרט באַם טיש. ביקלאַל האָט געראַסימ געהאַט אַ כאַראַקטער אַ שטרענגן און ערנסטן, האָט ליב געהאַט אין אַלץ אָרדענונג; אַפילע די האָנען האָבן פאַר אים ניט געוואַגט זיך שלאָגן, אַניט, איז אַן אומגליק: ווי ער דערזעט, אַזוי כאַפּט ער באַלד פאַר די פיס, דרייט זיי אַרום אַמאָל צען אינדערלופטן, ווי אַ ראָד, און צעוואַרפט זיי אין פאַרשיידענע זייטן. אַפן הויפ באַ דער פּריצע זיינען געווען אויך גענדז; אָבער די גאַנדז איז, ווי באַוווּסט, אַ פויגל אַ כאָשעווער און אַ באַטראַכטער; געראַ־ סימ האָט געהאַט צו זיי אַכטונג, איז געגאַנגען אַרום זיי און זיי געהאָדעוועט; ער אַליין איז אַביסל ענלעך געווען אַף אַן ערנסטן געזעצטן גאָנער. מ׳האָט אים אָפּגעגעבן אַ קעמערל אי־ בער דער קיך; ער האָט זיך דאָס אַליין איינגעאָרדנט לויט זיין געשמאַק, האָט זיך דאָרט אויסגעמייסטרעוועט אַ בעט פון דעמ־

בענע ברעטער אפֿ פֿיר גראָבע קלעצלעך — אַן עמעסע ריזן־בעט; הונדערט פֿוד מע זאָל אפֿ דעם אַרופֿלייגן — וועט עס זיך ניט איינבייגן; אונטערן בעט איז בא אים געשטאַנען אַ היפּש־שווערער קאַסטן; אין ווינקל — אַ טישל, אויך אַזאַ געזונטס, און לעבן טיש — אַ בענקל אפֿ דריי פֿיסלעך, אָבער אַזוי פֿעסט און באַדר׳ערדיק קליין, אַז אַליין גערַאסימ פֿלעגט דאָס אַ הייב טאָן, אַראָפּוואַרפֿן און זיך צעלאַכן. דאָס קעמערל פֿלעגט זיך פֿאַרשליסן אפֿ אַ שלאָס, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פֿון אַ בייגל, נאָר אַ שוואַרצער; דעם שליסל פֿונעם שלאָס פֿלעגט גערַאסימ שטענדיק טראָגן מיט זיך אפֿן גאַרטל. ער האָט ניט ליב געהאַט מע זאָל צו אים גיין.

אַזוי איז אַוועק אַ יאָר, און אַז דאָס יאָר האָט זיך געענ־דיקט, האָט מיט גערַאסימען פּאַסירט אַ קליינע געשיכטע.

2

ס׳איז געווען אַ פֿאַרנאַכט. גערַאסימ איז געגאַנגען שטיל לענגויס דעם טייך און האָט געקוקט אפֿן וואַסער. פּלוצימ האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עפּעס פֿאַרפּלאָנטערט זיך אין זומפּ לעבן סאַמע ברעג. ער האָט זיך אָנגעבויגן און דערזען אַ קליינ הינטל, אַ ווייַס מיט שוואַרצע פֿלעקן, וואָס ניט געקוקט אפֿ אַלע באַמיִונגען, האָט עס בעשומויפֿן ניט געקאָנט אַרויס פֿון וואַסער, ס׳האָט זיך געדראַפּעט, געגליטשט און האָט געצי־טערט מיטן גאַנצן נאַסן און מאָגערן קערפּער. גערַאסימ האָט

א קוק געטאָן אפֿן אומגליקלעכן הינטל, האָט עס א כאַפּ געטאָן מיט איין האַנט, עס אריינגעפּאַקט צו זיך אין בוזעם און זיך געלאָזט מיט גרויסע שפּאַן אהיים. ער איז אריין צו זיך אין קעמערל, האָט אוועקגעלייגט דאָס געראַטעוועטע הינטל אפֿן בעט, האָט עס צוגעדעקט מיט זיין שווערן פּעלצל, איז צוערשט אראָפּגעלאָפֿן אין פֿערדן - שטאַל נאָך שטרוי, דערנאָך אין קיך נאָך א קווערטל מילך. פֿאָרזיכטיק אוועקנעמענדיק דאָס פּעלצל און אויסשפּרייטנדיק די שטרוי, האָט ער אוועקגעשטעלט די מילך אפֿן בעט. דאָס אָרעמע הינטל איז אַלט געווען בעסאכאקל א וואָכן דריי, ערשט ניט לאַנג האָבן זיך דעם די אויגעלעך געעפֿנט, איין אויגל האָט זיך אפֿילו געדאַכט צו זיין גרעסער פֿונעם צווייטן; ס'האָט נאָך ניט געקאָנט טרינקען פֿונעם קווערטל און האָט נאָר געציטערט און די אויגן געזשמורעט. געראַסים האָט עס אָנגענומען לייכט-לייכט מיט צוויי פֿינגער פֿאַרן קאָפּ און צוגעבויגן די מאָר-דעטשקע צו דער מילך. דאָס הינטל האָט פּלוצים אָנגעהויבן טרינקען מיט גרויס דורשט, פֿאָרסקענדיק, טרייסלענדיק און פֿאַר-כלינענדיק זיך. געראַסים האָט געקוקט, געקוקט און האָט זיך פּלו-צים שטאַרק צעלאַכט... די גאַנצע נאַכט האָט ער זיך געפּאָרעט מיט דעם, האָט עס געמאָסטעט, ארומגעווישט און איז ענדלעך אַנט-שלאָפֿן געוואָרן לעבן דעם מיט עפּעס א פֿריידיקן, שטילן שלאָף.

קיין איין מוטער גייט ניט אזוי ארום איר קינד, ווי עס איז ארומגעגאַנגען געראַסים ארום זיין צויג (דאָס הינטל האָט זיך

ארויסגעוויזן א „זי״). די ערשטע צייט איז זי געווען זייער שוואַך, א ניונקע און ניט איבעריק שיין, אָבער צוביסלעכווייז האָט זי זיך פאַריכט און זיך אויסגעגלייכט, און אין אַכט כאַ־דאָשים ארום, אדאנק די אומופהערלעכע זאָרגן פון איר רע־טער, איז אויסגעוואקסן א היפּש הינטל, פון שפּאנישן שטאם, מיט לאנגע אויערן, א פוכיקן ווײדל, אזוי ווי א קוימען, און מיט גרויסע אויסדריקפולע אויגן. זי האָט זיך ליידנשאפטלעך צוגעבונדן צו געראסימען און איז ניט אָפּגעטראָטן פון אים אַף קיין שפּאן, איז אים שטענדיק נאָכגעגאנגען, דרייענדיק מיטן ווײדעלע. ער האָט איר אויך געגעבן א צונעמעניש — די שטומע ווייסן, אז זייער מוקען ווענדעט אַף זיך די אופמערק־זאמקייט פון אנדערע — ער האָט איר א נאָמען געגעבן מומו. אלע מענטשן אין שטוב האָבן זי ליב געקראָגן און האָבן זי אויך גערופן מומוני. זי איז געווען אויסערגעוויינלעך קלוג, האָט זיך צו יעדערן געלאשטשעט, אָבער ליב געהאט האָט זי נאָר איין געראסימען. געראסימ אליין האָט זי ליב געהאט אָן א ברעג... און ס'איז אים געווען ניט אנגענעם, ווען אנדערע פלעגן זי גלעטן. זי פלעגט אים וועקן אינדערפרי, שלעפנדיק פאַר דער פאָלע, פלעגט אים צוברענגען פאַר דער צוים די אלטע שקאַפּע, די וואסערפירערן, מיט וועלכער זי האָט געלעבט זייער פריינטלעך, מיט א וויכטיקער מינע אַפּן פּאָנעם פלעגט צו־זאמען מיט איר זיך אוועקלאָזן צום טייך, האָט געהיט די בע־זעמער און די לאָפּעטעס און האָט קיינעם ניט צוגעלאָזט צו

זיינ קעמערל. ער האָט ספּעציעל פאַר איר אויסגעשניטנ א לאָכ באַ זיכ אינ טיר, אונ זי האָט, ווי געפילט, אז נאָר אינ געראַ־סימס קעמערל איז זי פולשטענדיק באַלעבאָסטע, אונ פלעגט דערום, ארײַנקומענדיק אהינ, מיט א צופרידענעמ אויסזענ ארופ־שפּרונגענ אפנ בעט. באַנאכט פלעגט זי אינגאנצנ ניט שלאָפנ, זי האָט אָבער ניט געהאווקעט גלאַט אזוי, ווי אנ אנדער נאריש הויפ־הינטל, וואָס זיצנדיק אפ די הינטערשטע לאַפּעס, אונ אופ־הייבנדיק די מאָרדע אונ פארזשמורענדיק די אויגנ, האווקעט עס גלאַט פונ לאנגווייל, אזוי זיכ, אפ די שטערנ אונ, געוויינ־לעכ, דריי מאָל אײַנס נאָכנ אנדערנ. ניינ!—מומו האָט איר דינ קעלעכל קיינמאָל ניט געלאָזט הערנ אומזיסט: אָדער א פרעמדער איז צוגעגאנגענ צומ פלויט, אָדער ערגעצ־ווו האָט זיכ דער־הערט א פארדעכטיקער שאָרכ אָדער גערידער... מיט אײַנעמ וואָרט, זי האָט געוואכט אנ אנטיק. עמעס, אויסער איר איז אפנ הויפ געוועזנ נאָכ אייגער אנ אלטער הונט, א געלער מיט טונקל־ברוינע פלעקנ, וועלכנ מע האָט גערופנ וואָלטשאָק, אָבער יענעמ האָט מענ קיינמאָל, אפילע אפ באַנאכט, ניט אָפּגעלאָזט פונ דער קייט; אונ־אויכ ער אליינ, איבער זיינ אלטער שלאַבעריקייט, האָט גאָר ניט געפאָדערט די פריי—ער פלעגט זיכ ליגנ צונויפ־געדרייט אינ זיינ בודקע, אונ נאָר זעלטנ ארויסגעלאָזט א היי־זעריקנ, א קימאט ניט צו הערנדיקנ ביל, וואָס האָט זיכ באלד איבערגעריסנ, ווי ער זאָל אליינ פילנ זיינ אומנוצלעכקייט. אינ דער פריצעס הויז פלעגט מומו ניט גיינ, אונ ווענ געראַסימ

פלעגט אָנטראָגנ אינ די צימערנ האָלז, פלעגט זי באשטענדיק בלייבנ פונהינטנ אונ אומגעדולדיק אפ אימ ווארטנ באמ גאניקל מיט אָנגעשפיצטע אויערנ, אונ אויסדרייענ דעמ קאָפּ אמאָל אפ רעכטס אונ אמאָל פלוצימ אפ לינקס, בא א מינדסטנ קלאפּ הינטער דער טיר...

3

אזוי איז אוועק נאָך א יאָר. גערַאסימ האָט פאָרגעזעצט זיינ הויף־וועכטעריש טועכצ אונ איז זייער געווענ צופרידנ מיט זיינ גוירל. אָבער פלוצימ איז פאָרגעקומענ עפּעס איינע אנ אומגע־ריכטע זאך... אונ—נעמלעכ:

אינ איינעמ א שיינעמ זומער־טאָג האָט די פּריצע מיט אירע אומזיסטע קעסט־עסערנס אומגעשפּאצירט אינ גאסט־צימער. זי איז געווענ אופגעלייגט, האָט געלאכט אונ געשפּאסט; אויכ די קעסט־עסערנס האָבנ געלאכט אונ געשפּאסט, אָבער קיינ בא־זונדער פרייד האָבנ זיי ניט געפילט: אינ הויפ האָט מענ ניט אי־בעריק ליב געהאט, ווענ אפ דער פּריצע איז אָנגעקומענ די פריילעכע שאָ, וואָרעמ, ערשטנס, האָט זי דעמאָלט געפאָדערט פונ אלע באלדיק אונ פולנ מיטגעפיל, אונ איז געווענ בייז, אויב בא עמעצנ האָט דאָס פּאָנעמ ניט געשיינט פונ פארגעניגנ, אונ צווייטנס, פלעגנ אָט די אופּבּרויזנ זיכ ציענ בא איר ניט לאנג אונ, געוויינטלעכ, פלעגנ זיי פארבייטנ מאָרעשכוירעדיקע אונ זויערע שטימונגענ. אינ יענעמ טאָג איז זי עפּעס אופגע־

שטאנענ א גליקלעכע; ווענ זי האָט זיך געוואָרפנ קאָרטנ, זיינען איר אויסגעפאלנ פיר ייִנגלעך: דאָס באטייט, אז די באגערנ וועלנ אויסגעפילט ווערנ (זי פלעגט שטענדיק אינדערפרי זיך וואַרפנ קאָרטנ), אונ די טיי האָט זיך איר דעריבער אויסגעדאכט באזונ־דערס געשמאק, דערפאר האָט די פּאָקאָיאָווע באקומענ בא איר מיט ווערטער—א דאנק, אונ מיט געלט—א זילבערנע צענקאָ־פּיקע־שטיק. מיט א זיסנ שמייכל אפ די צעקנייטשטע ליפּנ האָט געשפּאצירט די פּריצע איבערנ גאסט־צימער אונ איז צוגעגאנ צומ פענצטער. פארנ פענצטער איז געווענ א בלומענ־גערטנדל, אונ אפ דער סאמע מיטלסטער בייט, אונטער א ראָ־זעווונ קוסט איז געלעגנ. מומו אונ האָט שטארק פארטיפט געהריזעט א ביינ. די פּריצע האָט זי דערזענ.

— מיינ גאָט!—האָט זי פּלוצימ אויסגעשריגנ,— וואָס איז דאָס פאר א הונט?

די קעסט־עסערנ, צו וועלכער די פּריצע האָט זיך גע־ווענדעט, האָט נעבעך גענומענ זיך דרייענ מיט יענער טרויע־ריקער אומרויִקייט, וואָס באהערשט געוויינלעך אנ אונטער־געוואָרפענעמ מענטשנ, ווענ ער ווייסט נאָך ניט אקוראט, ווי זאָל ער פארשטיינ זיינ באטשאלניק.

— כ... כ... כ׳ווייס ניט,—האָט זי ארויסגעשטאמלט,—דאכט זיך, דעמ שטומענס.

— גאָט מייַנער! — האָט די פּריצע זי איבערגעריסנ, — ס׳איז דאָך אנ אויסערגעוויינלעך ליב הינטל! הייסט עס אריינברענגענ.

שוין לאנג, אז ס'איז בא אים? ווי אזוי זשע האָב איך עס ניט באמערקט ביז אהער?.. הייסט עס ארייננבערענגעט.

די קעסט־עסערן איז באלד אוועקגעפלויגן אין פּאָדער־צימער.

— דינער, דינער! — האָט זי א געשריי געטאָן, — ברענגט וואָס גיכער מומו, זי איז אין בלומען־גערטנדל.

— א, מע רופט זי מומו, — האָט א זאָג געטאָן די פּריצע, — זייער א ווילער נאָמען.

— אך, זייער, זייער! — האָט געענטפערט די קעסט־עסערן, — גיכער, סטעפּאן!

סטעפּאן, א היפּשער געזונטער יונג, וואָס האָט געדינט אלס לאקיי, האָט זיך א לאָז געטאָן פייל אויס בויגן'אין בלומען־גערטנדל און האָט געוואָלט א כאַפּ טאָן מומו, אָבער יענע האָט זיך פלינק ארויסגעדרייט פון צווישן זיינע פינגער און, אופהייבנדיק דעם ווידל, האָט זיך געלאָזט הענדום־פענדום צו געראסימען, וועלכער האָט צו יענער צייט לעבן דער קיך אויסגעקלאפּט און אויסגעטרייסלט א פעסל, דאָס געדרייט אין די הענט, ווי א קינדערש פייקל. סטעפּאן איז איר נאָכגעלאָפן, האָט זי געוואָלט כאפּן בא די סאמע פיס פון איר באלעבאָס, אָבער דאָס פלינקע הינטל האָט זיך ניט געגעבן קיין פרעמדן אין די הענט, האָט געשפּרונגען און זיך ארויסגעדרייט. געראַ־סים האָט געקוקט מיט א שמייכל אף אָט דעם גאנצן געטומל; ענדלעך האָט זיך סטעפּאן א פאַרדראָסיקער אופגעהויבן און

האָט אים גיך געגעבן צו פֿאַרשטיין אַפֿן ווונק, אַז די פּריצע, פֿאַרשטייט ער, פֿאַרבעט דאָס הינטל צו זיך. געראַסים האָט זיך אַביסל געכידעשט, דאָך האָט ער צוגערופֿן מומו, האָט זי אופֿגעהויבן פֿון דער ערד און איבערגעגעבן סטעפּאַנען. סטע־פּאַן האָט זי געבראַכט אין עס־צימער און אַוועקגעשטעלט אויפֿן פּאַרקעט. די פּריצע האָט גענומען מיט אַ צערטלדיק קאָל זי צו־רופֿן צו זיך.

מומו, וואָס איז זינט זי לעבט נאָך נישט געווען אין אַזוינע פּרעכטיקע צימערן, האָט זיך זייער דערשראָקן און זיך אַוואָרף געטאָן צו דער טיר, נאָר, אָפּגעשטויסן פֿונעם צו דינסט־גרייטן סטעפּאַנען, האָט זי גענומען ציטערן און זיך צודריקן צו דער וואַנט.

— מומו, מומו, קום זשע צו מיר, קום צו דער פּריצע,— האָט געזאָגט די האַרנטע,— קום, נאַרישע... האָב קיין מוירע ניט...

— גיי, גיי, מומו, צו דער פּריצע,— האָבן אונטערגעהאַלטן די אומזיסטע קעסט־עסערנס,— גיי צו.

מומו אָבער האָט טרויעריק זיך אַרומגעקוקט אַף אַרום און זיך ניט גערירט פֿון אָרט.

— ברענגט איר עפּעס עסן,— האָט געזאָגט די פּריצע,— ס׳אַרא נאַרישע זי איז: צו דער פּריצע וויל זי ניט גיין. וואָס האָט זי מוירע?

— זיי זיינען נאָך ניט געוווינט,— האָט אַרויסגערעדט מיט אַ בענימעס־אונטערלעקעריש קאָל איינע פֿון די קעסט־עסערנס.



מימי מומי, קום זשע צו מיר, קום צו דער פריצע, האָט געזאָגט די הארנטע.

סטעפּאַן האָט געבראַכט אַ שעלעכל מילך, האָט אַוועקגע־שטעלט פאַר מומו. מומו האָט אַפילו ניט געוואָלט קיין שמעק טאָן פון דער מילך און האָט געהאַלטן אין איין ציטערן און זיך אַרומקוקן.

— אַך, ס'אַרא דו ביסט! — האָט אַרויסגערעדט די פּריצע, צו־גייענדיק צו איר, האָט זיך אָנגעבויגן און זי געוואָלט אַ גלעט טאָן, נאָר מומו האָט ציטערנדיק אָפּגעקערט דעם קאָפּ און האָט באַוויזן די ציין. די פּריצע האָט אַפּגיך צוגענומען די האַנט...

ס'איז פאָרגעקומען אַן אויגנבליקלעכע שטילשווייגן. מומו האָט שוואַך געקאַוועטשעט גלייך, ווי זיך געקלאָגט און אַנטשול־דיקט. די פּריצע איז אָפּגעגאַן און זיך אָנגעכמורעט. דער פּלו־צימדיקער וואָרפּ פון הינטל האָט זי איבערגעשראָקן.

— אַך! — האָבן אַלע קעסט־עסערנס מיטאַמאָל אויסגעשריגן, — האָט זי אייך עפּשער אַ ביס געטאָן, באַהיט גאָט! (מומו האָט אַפּ איר גאַנצ לעבן קיינעם ניט געביסן) אַך, אַך!..

— טרייבט זי אַרויס פונדאַנען — האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ איבערגעביטן קאָל די אַלטע — אַ מיעס הינטל! ס'אַרא שלעכטס!

און, פּאַמעלעכן זיך אויסגעדרייט, האָט זי זיך אַוועקגע־לאָזט צו זיך אין קאַבינעט. די קעסט־עסערנס האָבן זיך מיט מוירע איבערגעקוקט און זיינען איר נאָכגעגאַן; אָבער זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט קאַלט אַ קוק געטאָן אויף זיי און אַרויסגעזאָגט: „צו וואָס? איך רוף דען אייך?“ און איז אַוועקגעגאַן.

די קעסט־עסערנס האָבן פאַרצווייפלטע געמאַכט מיט די

הענט צו סטעפּאַנען; יענער האָט אַ כאַפּ געטאָן מומו און אָפּ־
גיך זי אַרויסגעוואָרפן אין הויף, גלייך צו גראַסימס פּיס, און
אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט אין הויז געהערשט אַ טיפע
שטילקייט, און די אַלטע פּריצע איז געזעסן אויף איר דיוואַן, מזג־
רעשטוירעדיקער פון אַ כמאַרע, וואָס ברענגט אַ שטורעם. אָט
פון וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן אַ מענטש קאָן זיך אַמאָל ערגערן.

ביזן סאַמע אָוונט איז די פּריצע געווען ניט גוט געשטימט,
האָט מיט קיינעם ניט גערעדט, ניט געשפּילט אין קאָרטן, און
אויך די נאַכט האָט זי שלעכט פאַרבראַכט. ס'האָט זיך איר גע־
דאַכט, אַז מע האָט איר ניט דערלאַנגט דעם אָדעקאָלאָן, וואָס
מע דערלאַנגט איר געוויינלעך, אַז די קישן שמעקט איר מיט
זייף, און האָט געצוווּנגען די קאַסטעליאַנשע דאָס גאַנצע וועש
דורכצושמעקן. מיט איינעם וואָרט, האָט זיך אויפגערעגט און
זיך „געהיצט” זייער. אויפן צווייטן פרימאָרגן האָט זי געהייסן צו־
רופן גאַווריליען מיט אַ שאָ פריער, ווי געוויינלעך.

— זאָג, כ'בעט דיך — האָט זי אָנגעהויבן, ווי נאָר יענער האָט,
ניט אָן אינערלעכן ציטער, אַריבערגעטראָטן די שוועל פון איר
קאַבינעט, — וואָס פאַר אַ הונט האָט דאָס בא אונדז אויפן הויף אַ
גאַנצע נאַכט געהאַווקעט, מיך ניט געלאָזט שלאָפן?

— אַ הונט?... וואָסערער?.. מעגלעך דעם שטומענס הונט. —
האָט ער אַרויסגערעדט מיט ניט אינגאַנצן קיין זיכערער שטים.

— כ'ווייס ניט, צי דעם שטומענס, צי אַן אַנדערנס, נאָר ער
האָט מיך ניט געלאָזט שלאָפן. כ'וווּנדער זיך, וואָס איז דאָס

פאר אזא מאסע הינט? כ'וויל וויסן, ס'איז דאָך בא אונדז דאָ א הויף־הונט?

— אוואדע פאראן, וואָלטשאָק דאָך.

— נו, איז צו וואָס זשע נאָך! וואָס דארפן מיר נאָך א הונט? מאכט נאָר אומאָרדענונג. ניטאָ קיין עלצטער אין הויז — אָט וואָס. צו וואָס דארף דער שטומער א הונט? ווער האָט עס אים דערלויבט בא מיר אפן הויף האלטן הינט? נעכטן בין איך צו־געגאנגען צום פענצטער, ליגט זי אין בלומען־גערטנדל, האָט עפּעס געבראכט צו שלעפּן א פאסקודסטווע, הריזעט, — און בא מיר זיינען דאָרט רויזן פארזעצט...

די פריצע איז אנטשוויגן געוואָרן.

— נאָך היינט זאָל זי זיך דאָ ניט געפינען... דו הערסט?

— כ'הער.

— היינט שוין. און איצט גיי. צום באריכט וועל איך דיך שפּעטער רופן.

גאווריִלע איז ארויסגעגאנגען.

דורכגייענדיק דורכן גאסט־צימער, האָט דער הויף־דינער, צוליב אָרדענונג, איבערגעשטעלט דאָס גלעקל פון איין טיש אפן צווייטן, האָט שטילינקערהייט אויסגעשנייצט זיין קאטשקע־נאָז און איז ארויס אין פאָדער־צימער. אין פאָדער־צימער איז אפ דער הילצערנער באנק געשלאָפן סטעפּאן אין א לאגע פון א דערהארגעטן מיליטערישן אפ א שלאכט־בילד, שטארק ארויס־געצויגן די נאקעטע פיס פון אונטער זיין סורטוק, וואָס האָט

אים געדינט אָנשטאָט א קאָלדערע. דער הויף־דינער האָט אים צעבורקעט און האָט אים אָפּגעגעבן עפּעס א באַפעל, אַף וועלכן סטעפאַן האָט געענטפערט מיט א האַלבן געגעץ, האַלבן געלעכ־טער. דער הויף־דינער איז אוועק, און סטעפאַן איז אופגעשפּרונ־גען, האָט ארופגעצויגן אַף זיך דעם קאַפּטאַן און די שטיוול, איז ארויס און זיך אָפּגעשטעלט באַם גאַנעקל. ס׳זיינען ניט אוועק קיין פינף מינוט, אַזוי האָט זיך באַוויזן געראַסים מיט א גוואַל־דיק־גרויסן בערעם האָלץ אַפן רוקן אין דער באַגלייטונג פון זיין מומו, וואָס האָט זיך קיינמאָל מיט אים ניט געשיידט (די פּריצע האָט באַפוילן איר שלאָף־צימער און דעם קאַבינעט צו הייצן אפילע אום זומער). געראַסים האָט זיך אוועקגעשטעלט מיט א זייט צו דער טיר, האָט זי א שטויס געטאָן מיטן אַקסל און האָט זיך אריינגעוואַלגערט אין שטוב מיט זיין מאַסע. מומו, ווי געוויינלעך, איז געבליבן וואַרטן.

דעמאָלט האָט סטעפאַן, כאַפּנדיק א ריכטיקן מאָמענט, פלוי־צים זיך א וואָרף געטאָן אַף איר, ווי א שפּאַרבער אַף אַן אויפעלע, האָט זי צוגעדריקט מיט דער ברוסט צו דער ערד, זי א כאַפּ געטאָן און, נישט אָנטועגדיק אפילע דאָס היטל, איז ער מיט איר ארויסגעלאָפן אַפן הויף, האָט זיך אוועקגעזעצט אַפן ערשטן אָנגעטראָפענעם איזוואָזשטשיק און אוועקגעיילט אַף אָכאָטני ריאַד. דאָרט האָט ער באַלד אָפּגעזוכט אַן איבערקויפער, וועלכן ער האָט זי אָפּגעטראָטן פאַר א האַלב קערבל, נאָר מיט דעם טנאַי, אַז ער זאָל זי אַמווינציקסטן א וואָך אָפּהאַלטן בא זיך

אפּ אַ קייט, און האָט זיך באַלד אומגעקערט; אָבער, ניעט דער־פאַרנדיק אהיים, איז ער אראָפּגעקראָכן פונעם איזוואָזשטשיק און, ארומגייענדיק דעם הויף, איז ער פון א הינטערשט געסל אריבערגעשפּרונגען דורכן פּאַרקן; — דורך דער פאָרטקע האָט ער מוירע געהאַט גיין, קעדיי ער זאָל זיך ניט באַגעגענען מיט געראַסימען.

אגעוו, איז זיין אומרויִקייט געווען אן אומזיסטע: געראַסימ איז שוין אין הויף ניט געווען. ארויסגעגאַנגען פון הויז און באַלד דערזען, אַז מומו איז ניטאָ — ער געדענקט ניט, אַז זי זאָל ווען־ניט־איז זיך ניט דערוואַרטן אפּ זיין ארויסגיין — האָט ער גענומען אומעטום אומלויפן, זי זוכן, רופן אפּ זיין שטייגער... האָט זיך א וואָרפּ געטאָן אין קעמערל, צו דער היי־שטאַל, ארויס־געשפּרונגען אפּן גאַס, — אהין, אהער... פאַרפאַלן געוואָרן; ער האָט זיך געווענדעט צו מענטשן מיט די סאַמע פאַרצווייפלטע ווונקערייען, זיך צעפּרעגט אפּ איר, ווייזנדיק אפּ א האַלבן ארשין פון דער ערד, אויסגעמאָלט זי מיט די הענט... אייניקע, וואָס האָבן טאַקע ניט געוווּסט, ווהין מומו איז אהינגעקומען, האָבן נאָר מיט די קעפּ געשאָקלט, אנדערע האָבן געוווּסט און האָבן געלאַכט אַלס ענטפער, און דער הויף־דינער האָט זיך גע־מאַכט ערנסט און האָט קלאָמפּערשט אָנגעהויבן שרייען אפּ די קוטשערס. דעמאָלט איז געראַסימ ארויסגעלאָפן פון הויף.

ס'איז שוין געווען פינצטערלעך, ווען ער האָט זיך אומגע־קערט. פון זיין אויסגעמאַטערט אויסזען, פון זיין נישט גלייכן

גאנג, פון זיין פאַרשטויבטן אָנטאָן האָט מען געקאָנט זען, אַז ער האָט שוין באַוויזן אויסלויפן האַלב מאָסקווע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער פריצעס פענצטער, האָט א וואָרף געטאָן א בליק אַפן גאַנעקל, אַף וועלכן עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט א מענטשן זיבן הויף־לייט, האָט זיך אָפּגעקערעוועט און האָט נאָכ־אַמאָל אַרויסגעמרוקעט: „מומו". מומו האָט זיך ניט אָפּגערופן. ער איז אַוועק. אַלע האָבן אים נאָכגעקוקט, נאָר קיינער האָט ניט געשמייכלט, ניט געזאָגט קיין וואָרט, און דער נייגעריקער פאָ־רייטער אַנטיפּקע האָט דערציילט אַף מאָרגן אין דערפרי אין קיך, אַז דער שטומער האָט א גאַנצע נאַכט געקרעכצט.

דעם גאַנצן צווייטן טאָג האָט זיך געראַסים ניט געוויזן, אַזוי אַז אָנשטאָט אים האָט געמוזט פאָרן נאָך וואַסער דער קוטשער פּאָטאַפּ. דער קוטשער פּאָטאַפּ איז געבליבן פון דעם ניט צופרידן. די פריצע האָט געפרעגט גאַווריִלען, צי מע האָט אויסגעפילט איר באַפעל, גאַווריִלע האָט געענטפערט, אַז אויסגעפילט.

אַפן צווייטן מאָרגן איז געראַסים אַרויס פון זיין קעמערל אַף דער אַרבעט. צו מיטעק איז ער געקומען, האָט אָפּגע־געסן און איז ווייטער אַוועקגעגאַנגען, קיינעם זיך ניט בויגנ־דיק. זיין פּאָנעם, אַזוי אויך א פאַרגליווערטס, ווי בא אַלע טויב־שטומע, איז איצט ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. נאָך מי־טעק איז ער ווייטער אַוועקגעגאַנגען פון הויף, אָבער ניט אַף לאַנג, האָט זיך אומגעקערט און באַלד זיך געלאָזט צו דער היי־שטאַל.

ס'איז אָנגעקומענ די נאכט, א לעוואָנעדיקע, א לויטערע. שווער־אָטעמענדיק אונ אָנ אופהער זיכ דרייענדיק פונ זייט אפ זייט, איז געלעגנ געראסימ, אונ פלוצימ האָט ער דערפילט, גלייכ עמעצער שלעפּט אימ פאר דער פּאָלע; ער האָט א שטארקנ ציטער געטאָנ, דאָכ ניט אופגעהויבנ דעמ קאָפּ, פארקערט, האָט נאָכמער זיכ פארזשמורעט; נאָר אָט האָט מענ אימ ווייטער א שלעפּ געטאָנ, נאָכ שטארקער, ווי פריער; ער איז אופגעשפּרונגענ... פאר אימ האָט מיט אנ אָפּגעריסנ שטיקל שטריק אפנ האלדז זיכ געדרייט מומו. א צעצויגענער פרייד־געשריי האָט זיכ ארויסגעריסנ פונ זיינ שטומער ברוסט; ער האָט א כאַפּ געטאָנ מומו, האָט זי געדריקט אינ זיינע אָרעמ; זי האָט אימ אינ איינ מינוט באלעקט די נאָז, די אויגנ, די וואָנצעס אונ די באָרד... ער איז געשטאנענ א ווייל, געטראכט, איז פאָרזיכטיק ארויסגעקראָכנ פונ זיינ היי־זאק, האָט זיכ ארומגעקוקט אונ, איבערצייגנדיק זיכ, אז קיינער זעט אימ ניט, האָט ער זיכ א גליקלעכער דערקליבנ צו זיכ אינ קעמערל. גערסימ האָט נאָכ פריער פארשטאנענ, אז דער הונט איז ניט אליינ פונ זיכ פארפאלנ געוואָרנ, נאָר אז מע האָט אימ, ווייזט אויס, פארפירט אפנ באפעל פונ דער פּריצע; די מענטשנ האָבנ דאָס אימ דערקלערט אפנ ווונק, ווי אזוי מומו האָט אפ איר אויסגעשטשירעט די ציינ — אונ ער האָט באשלאָסנ אָנעמענ אלע מיטלענ. צוערשט האָט ער אָנגעהאָדעוועט מומו מיט ברויט, האָט זי געצערטלט,

אוועקגעלייגט שלאָפנ, דערנאָכ האָט ער גענומענ קלערנ, אונ
די גאנצע נאכט דורכאנאנד האָט ער געקלערט, ווי אזוי בעסער
זי צו באהאלטנ. ענדלעכ האָט ער באטראכט: דעמ גאנצנ טאָג זי
איבערלאָזנ. אינ קעמערל אונ נאָר זעלטנ אריינ צו איר געוווי-
רע ווערנ אונ אפ באנאכט ארויספירנ. די לאָכ אינ טיר האָט ער
גוט פארשטעקט מיט זיינ אלטנ פעלצל, אונ ווי ס'איז נאָר ליכ-
טיק געוואָרנ, אזוי איז ער שוינ געווענ אפנ הויפ, גלייכ ווי גאָר-
ניט איז געשענ, אָפהיטנדיק אפילע (אומשולדיקע כיטרעקייט!)
דעמ פריערדיקנ טרויער אפנ־פּאָנעמ. דעמ אָרעמענ שטומענ
האָט אפילע אפנ געדאנק ניט געקאָנט קומענ, אז מומו וועט
זיכ ארויסגעבנ מיט איר קוויטש. אונ ווירקלעכ, אלע אינ הויפ
האָבנ זיכ באלד דערוווסט, אז דעמ שטומענס הונט האָט זיכ
צוריק אומגעקערט אונ זיצט בא אימ פארשלאָסנ. נאָר פונ מיט-
לייד צו אימ אונ צו איר, אונ אינ א געוויסער מאָס, מעגלעכ,
אויכ פונ מוירע פאר אימ, האָבנ זיכ געמאכט, ווי גלייכ זיי
ווייסנ ניט פונ זיינ געהיימעניש. נאָר דער הויפ־דינער האָט זיכ
געקראצט אינ דער פּאָטיליצע אונ האָט א מאכ געטאָנ מיט דער
האנט: „נו, מיילע, זאָל זיינ; מעגלעכ, די פריצע וועט זיכ ניט
דערוויסנ”. דערפאר אָבער האָט זיכ דער שטומער קיינמאָל
אזוי ניט געפלייסט, ווי אינ יענעמ טאָג: ער האָט אויסגעריי-
ניקט אונ אויסגעקראצט דעמ גאנצנ הויפ, האט אויסגעיעט אלע
גרעזלעכ ביז איינס, האָט מיט די אייגענע הענט ארויסגעריסנ
אלע סטאָרטשענדיקע צוועקעס אינ פלויט פונעמ בלומענ-

גערטנדל, קעדיי זיך איבערצייגן, אפ וויפל זיי זיינען שטארק, און האָט זיי אליין דערנאָך אריינגעקלאפט, — מיט איינעם וואָרט, ער האָט זיך אזויפיל געפּאָרעט און אזוי באשעפטיקט געווען, אז אפילו די פּריצע האָט געוועגדעט איר אופמערקזאמקייט אפ זיין פלייס. אין מעשעך פון טאָג איז גערא‌סים א פּאָר מאָל ביגנייווע אריינגעגאנגען צו זיין ארעסטירטער. ווען אָבער עס איז געקומען די נאכט, האָט ער זיך געלייגט שלאָפן צוזאמען מיט איר אין קעמערל און נישט אין היי־שטאל, און נאָר ארום צוויי אזייגער איז ער ארויס מיט איר שפּאצירן אפ דער פרישער לופט. אומגעגאנגען מיט איר היפּש לאנג איבערן הויף, האָט ער זיך שוין געקליבן אומצוקערן, האָט זיך אָבער כלוצים הינטערן פּארקן, וואָס גייט ארויס צום הינטערגעסל, זיך דערהערט א שאָרך. מומו האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, האָט זיך צעמרו־קעט, איז צוגעגאנגען צום פּארקן, האָט א שמעק געטאָן און געגומען הויך און קוויטשיק בילן. עפּעס א שיכורער מענטש האָט זיך געוואָלט דאָרט באלייגן אפ באנאכט. אינדערזעלבי־קער צייט איז די פּריצע באָרוואָס געהאט אנטשלאָפן געוואָרן נאָך א דויערנדיקער „נערוועזער אופרעגונג": אָט די אופרעגונ־גען פלעגן זיך מאכן שטענדיק נאָך א צו־זאטער וועטשערע. פון דעם פלוצימדיקן בילן האָט זי זיך אופגעכאפּט, דאָס הארץ האָט איר אָנגעהויבן קלאפּן און איז איר אנטפאלן געוואָרן. „מוידן, מוידן!" — האָט זי זיך צעקרעכצט, — מוידן!". די איבערגעשראָקענע מוידן זיינען אריין צו איר אין שלאָף־צימער.

„אָך־אָך, כ'שטארב!“—האָט זי א זאָג געטאָן און טרויעריק צענומען די הענט.—ווידעראמאָל, ווידעראמאָל דער הונט... אָך, שיקט נאָך א דאָקטער! זיי ווילן מיך טויטן... דער הונט, ווידעראמאָל דער הונט! אָך!“ און זי האָט פארוואָרפן דעם קאָפּ אפ צוריק, וואָס דאָס האָט באדארפט באטייטן כאלאָשעס. מע האָט זיך א לאָז געטאָן נאָך א דאָקטער, דאָס הייסט, צום היימישן פעלדשער כאריטאָן. יענער פעלדשער, וואָס זיין גאנצע קונסט איז באשטאנען דערין, וואָס ער האָט געטראָגן שטיוול מיט ווייכע פּאָדעשוועס און האָט געקאָנט דעליקאט אָנטאפּן דעם דייפּעק, איז געשלאָפן פערצן שאָ אין מעסלעס, און די איבעריקע צייט געהאלטן אין איין זיפצן און האָט אָן אופהער געגעבן צום איינעמען דער פריצע לאָרבער־ווייןשלדיקע טראָפּנס. דער פעלדשער איז באלד געקומען צו לויפן, האָט אויסגערויכערט מיט איבערגעברענטע פעדערן און, ווען די פריצע האָט אופגעעפנט די אויגן, האָט ער טייקעף איר דערלאנגט אפ א זילבערן טעצל א קעלישאָקל מיט די באוווּסטע טראָפּנס. די פריצע האָט זיי איינגענומען, נאָר האָט באלד מיט א וויינענדיק קאָל זיך גענומען ווידער קלאָגן אפן הונט, אפ גאוורילען, אפ איר גורל, אפ דערופ, וואָס אלע האָבן זי, די אומגליקלעכע אלטע פרוי, פארלאָזט, אז קיינער האָט אפ איר קיין ראכמאָנעס ניט, אז אלע ווילן זי זאָל שטארבן. מומו האָט דערווייל געהאלטן אין איין האַווקען, און געראסימען האָט זיך ניט איינגעגעבן זי אוועקצונעמען פונעם פארקן. „אָט... אָט... ווידער“...—האָט געשטאמלט די פריצע

און האָט פאַרגלאָצט די אויגן. דער פעלדשער האָט א שעפּ־
טשע געטאָן איינער א מויד, יענע האָט זיך א לאָז געטאָן אין
פאָדער־צימער, האָט צעבורקעט סטעפּאַנען, יענער איז געלאָפן
וועקן גאַווּרילען, גאַווּרילע האָט באַלד געהייסן אופוועקן דאָס
גאַנצע הויז.

גערַאסימ האָט זיך אויסגעקערעוועט, האָט דערזען די אומ־
שווינדלענדיקע פייערן און שאָטנס אין די פענצטער, און דער־
פילנדיק אַן אומגליק, האָט ער א כאַפּ געטאָן מומו אונטערן
אָרעם, איז אַריינגעלאָפן אין קעמערל און האָט זיך פאַרשלאָסן.
אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן פינף מענטשן געריסן זיין טיר,
נאָר, דערפילנדיק דעם פעסטן פאַרוקער, האָבן זיי זיך אָפּגע־
שטעלט. גאַווּרילע איז געקומען צו לויפן א שטאַרק־פאַרסאָפּע־
טער, האָט באַפוילן אַלע זאָלן דאָ בלייבן ביז אינדערפרי און
שטיין אף קאַראַול, און ער אַליין איז דערנאָך אַוועק אינעם
מוידן־צימער און דורך דער עלצטער קאָמפּאַניאָנקע ליובאָוו
ליובימאָווְנאַ, מיט וועלכער ער האָט צוזאַמען געגאַנוועט טיי,
צוקער און איבעריקע באַקאַליי, האָט ער געהייסן מעלדן דער
פּריצע, אַז דער הונט איז, צום אומגליק, ווידער פון ערגעץ גע־
קומען, נאָר אַז מאָרגן וועט ער שוין קיין לעבעדיקער ניט זיין,
און אַז די פּריצע זאָל אין גנעדיקייט נישט אין כּעס זיין און,
זיך באַרויִקן. די פּריצע וואָלט אַף געוויס זיך ניט אַזוי גיך באַ־
רויִקט, נאָר דער פעלדשער האָט אין איילעניש אָנשטאָט צוועלף
טראָפּן אַריינגעגאָסן גאַנצע פערציק: די קראַפט פונעם לאָרבער־

וויינשל האָט טאקע גענווירקט—אין א פּערטל שאָ ארום איז ש ו די פּריצע שטארק און רויִק געשלאָפן; און געראסימ איז גע־בליבן א שטארק־בלאסער אף זיין בעטל און האָט שטארק צו־געהאלטן מומוס מאָרדע.

אפן צווייטן פרימאָרגן האָט זיך די פּריצע אופגעכאפּט גאנץ שפּעט. גאווריִלע האָט געוואַרט אף איר אופשטיין, קעדיי צו געבן א באפעל צום אנטשיידענעם אָנגרייף אף געראַסימס באהעלטע־ניש, און אליין האָט ער זיך געגרייט באגעגענען א שטארקן שטו־רעמ. נאָר קיין שטורעמ איז ניט געווען. ליגנדיק אין בעט, האָט די פּריצע געהייסן ארויסרופן צו זיך די עלצטע קעסט־עסערן.

— ליובאָוו ליובימאָוונא...—האָט זי אָנגעהויבן מיט א שטיל און שוואך קאָל; זי האָט אַן אנדערסמאָל ליב געהאט מאכן אַן אָנשטעל פון א פּאריאָגטער און פּאריאָסעמטער ליידער'ן; פּאר־שטענדלעך, אז אלע מענטשן אין הויז איז דעמאָלט געווען זייער אומאנגענעם...—ליובאָוו ליובימאָוונא, איר זעט מיין לאגע. גייט, נעשאָמע מיינע, צו גאווריִלע אנדרייעוויטש, רעדט מיט אים איבער: צי איז דען א ליאדע הינטל אים טייערער פון דער רו, פונעמ לעבן פון זיין פּריצע? איך וואָלט דאָס ניט געוואָלט גלויבן,—האָט זי צוגעגעבן מיט א טיפן געפיל־אויסדרוק,—גייט, נעשאָמע מיינע, זייט אזוי גוט, גייט צו גאווריִלע אנדרייעוויטש.

ליובאָוו ליובימאָוונא האָט זיך אוועקגעלאָזט אין גאווריִלעס צימער. ס'איז נישט באוווּסט, וועגן וואָס זיי האָבן דאָרט גערעדט, נאָר אין א שטיקל צייט ארום האָט זיך א גאנצער האמוין

מענטשן געדרוקט דורכן הויף אין דער ריכטונג צו געראַסימס קעמערל; פאָרויס האָט געשפּאַנט גאַווריִלע, האַלטנדיק אין האַנט דאָס היטל, כאָטש קיין ווינט איז ניט געווען; לעבן אים זיינען געגאַנגען די לאַקייען און די קוטשערס; פון פענצטער האָט אַרויסגעקוקט דער פעטער כוואָסט און האָט געגעבן פאַראָרדע־נונגען, דאָס הייסט, ער האָט נאָר די הענט צענומען; הינטער אַלע האָבן געשפּרונגען און זיך געקרימט יונגע יאַטלעך, וואָס האַלב פון זיי זיינען זיך אָנגעלאָפן פונדערפרעמד. אויף די שמאָלע טרעפּ, וואָס פירן צום קעמערל, איז געזעסן איינער אַ מענטש אויף קאַראַול; בײַ דער טיר זיינען געשטאַנען צוויי אַנ־דערע מיט שטעקנס. מ׳האָט גענומען אַרויפגיין אויף די טרעפּ, זיך אויסגעשטעלט אין זייער גאַנצער לענג. גאַווריִלע איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, האָט אין איר אָנגעקלאַפּט מיט אַ פויסט, און אַ געשריי געטאָן:

— עפן!

ס׳האָט זיך דערהערט אַ דערשטיקט האַווקען, נאָר קיין ענטפער איז ניט געקומען.

— עפן, זאָגט מען דיר! — האָט ער איבערגעכאַזערט.

— יאָ, גאַווריִלע אַנדרייעוויטש, — האָט פון אונטן באַמערקט סטעפּאַן: — ער איז דאָך אַ טויבער — ער הערט ניט.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— וואָס זשע טוט מען? — האָט געענטפערט פון אויבן גאַווריִלע.

— ער האָט דאָרט א לאָך אין טיר, — האָט געענטפערט סטע־פאַן, — איז שטעקט אהין אריין א שטעקן.

גאווריליע האָט זיך אָנגעבויגן.

— ער האָט פארשטעקט מיט עפּעס א פּעלצל די לאָך דאָרט.

— איז שטופּט אריין דעם פּעלץ אינעווייניק.

דאָ האָט זיך ווידער דערהערט א טויב האווקען.

— זע, זע, זי גיט זיך אליין אויס — האָט מען באמערקט צווישן האמוין און מע האָט זיך ווידער צעלאכט.

גאווריליע האָט זיך א קראץ געטאָן אונטערן אויער.

— ניין, ברודער — האָט ער לעסאָפּ פאַרגעזעצט: — דעם פּעלץ שטופּ אליין, אויב דו ווילסט.

— אנו, לאָזט נאָר!

און סטעפּאַן האָט זיך ארופגעדראפּעט ארויף, האָט גענומען א שטעקן, האָט אריינגערוקט דעם פּעלץ אינעווייניק און גענומען דרייען אין דער לאָך מיטן שטעקן, זאָגנדיק דערביי: „גיי ארויס, גיי ארויס!" ער האָט נאָך אלץ געדרייט מיטן שטעקן, נאָר פּלוצים האָט די טיר פון קעמערל אפּגיך אופגעפּראלט — די באנדע דינערשאפט האָט זיך מיטאמאָל פון די טרעפּ אראָפּגע־שיט, און גאווריליע — דער ערשטער פאר אלעמען. דער פעטער כוואָסט האָט צוגעמאכט דאָס פענצטער.

— נו, נו, נו! — האָט געשריגן גאווריליע פון הויף, — זע, הייב זיך נאָר ניט אָן מיט מיר, דו.

געראסים איז אומבאוועגט געשטאנען אף דער שוועל. דער

האמוינ האָט זיכ צונויפגעזאמלט באמ צופוסנס פונ די טרעפ. גערואסימ האָט געקוקט אפ אָט די אלע מענטשעלעכ אינ די דייטשישע קאפטאנענ פונ אויבנ, ער האָט לייכט אָנגעשפארט געהאלטנ די הענט אינ די זייטנ, אונ אינ זיינ רויט־פויערש העמדל האָט ער זיכ אויסגעדאכט א ריז קעגנ זיי.

גאוורילע האָט א שפאנ געטאָנ אפ פאָרויס.

— זע, ברודער, — האָט ער א זאָג געטאָנ: — מאכ ניט קיינ שטיק באַ מיר. אונ ער האָט אימ געכומענ דערקלערנ אפנ ווונק, אז די פריצע, פארשטייט ער אימ, פאָדערט אומבאדינגט זיינ הונט: גיב, פאר־שטייסטו, זי טייקעפ, אניט, וועסטו האָבנ אנ אומגליק.

גערואסימ האָט געקוקט אפ אימ, האָט אָנגעוויזנ אפנ הונט, געמאכט מיט דער האנט א סימענ אפ זיינ האלדז, גלייכ ער פארציט א שטריק, אונ מיט א פרעגעווודיק פאָנעמ האָט ער גע־קוקט אפנ הויפ־דינער.

— יאָ, יאָ, — האָט יענער געענטפערט, מאכנדיק מיטנ קאָפ, — יאָ, אומבאדינגט.

גערואסימ האָט אראָפּגעלאָזט די אויגנ, דערנאָכ האָט זיכ פלוצימ אופגעכאפט, האָט ווידער אָנגעוויזנ אפ מומו, וואָס איז די גאנצע צייט געשטאנענ לעבנ אימ, אומשולדיק מאכנדיק מיטנ וויידל אונ נייגעריק פירנדיק מיט די אויערנ, האָט נאָכ־אמאָל געוויזנ דעמ סימענ פונ דערוואַרגנ אפ זיינ האלדז אונ האָט זיכ פילדייטיק א קלאפ געטאָנ אינ ברוסט, ווי דערקלערנדיק, אז ער אליינ נעמט אפ זיכ צו פארניכטנ מומו.

— ווּעסט דאָך אָבּער אָפּנאַרן! — האָט גאַווריִלע צו אים גע־מאַכט מיט די הענט.

גערַאַסימ האָט אַפּ אים אַ קוק געטאָן, פאַראַכטנדיק זיך צע־שמייכלט, ווידער זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין בּרוסט און האָט פאַר־האַקט די טיר.

אַלע האָבּן זיך שווייגנדיק איבּערגעקוקט.

— וואָס זשע זאָל דאָס בּאַטייטן? — האָט אָנגעהויבּן גאַוו־ריִלע — ער האָט זיך דאָך פאַרשלאָסן.

— פאַרלאָזט זיך, גאַווריִלע אַנדרייעוויטש, — האָט אַ זאָג גע־טאָן סטעפּאַן, — ער וועט טאָן, אַז ער האָט געזאָגט. אַזאַ מענטש איז ער שוין... ווען ער האָט נאָר צוגעזאָגט, איז דאָס שוין אַפּ געוויס. ער איז אין די זאַכן נישט דאָס, וואָס אונדזוערער אַ בּרודער; וואָס עמעס איז עמעס, יאָ.

— יאָ, — האָבּן אַלע נאָכגעזאָגט און געשאָקלט מיט די קעפּ — אַזוי איז דאָס, יאָ.

דער פּעטער כוואָסט האָט אופגעעפנט דאָס פענצטער און האָט אויך געזאָגט: „יאָ".

— נו, ב'מיר זען — האָט געענטפערט גאַווריִלע, — אָבּער דער קאַראַוּל דאַרף דאָך בּלייבּן. היי, דו, יעראָשקע! — האָט ער צו־געגעבּן, זיך ווענדנדיק צו עפּעס אַ דער'שלאָגענעם פאַרשוין אין אַ געלן קאָזאַקין, וואָס מע האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גערט־נער, — וואָס האָסטו צו טאָן? נעמ אַ שטעקן און זיץ דאָ, און ווען עפּעס וואָס, איז לויפּ בּאַלד צו מיר.

יעראָשקע האָט גענומען א שטעקן און האָט זיך אוועקגע־
זעצט אפן לעצטן טרעפּל פון ארופגאנג.

דער האמוין איז זיך צעגעגאנגען, אויסער א קליין ביסל ניי־
געריקע און יונגע יאטלעך, און גאוורילע האָט זיך אומגעקערט
אין הויז און דורך ליובאָוו ליובימאָוונא האָט ער געהייסן מעלדן
דער פּריצע, אז אלץ איז שוין אויסגעפּילט.

די פּריצע האָט געמאכט אין נאָז־טיכעלע ואַקניפּל, האָט
דערויף אָנגעגאָסן אָדעקאָלאָן, האָט א שמעקן געטאָן, זיך אָנגע־
ריבן די שלייפן, זיך אָנגעטרונקען מיט טיי, און, זייענדיק נאָך
אונטערן איינדרוק פון די לאָרבער־ווײַנשלדיקע טראָפּנס, איז זי
ווידער אנטשלאָפן געוואָרן.

5

אין א שאָ ארום נאָך אָט דעם גאנצן געטומל האָט זיך די
טיר פון קעמערל געעפנט און עס האָט זיך באוויזן געראסים.
ער איז געווען אָנגעטאָן אין זיין יאָנטעוודיקן קאפּטאן; מומו
האָט ער געפירט אפ א שטריקל. יעראָשקע איז אָפּגעטראָטן אָן
א זייט און האָט אים געמאכט א וועג. געראסים האָט זיך געלאָזט
צום טויער. אלע יאטלעך, וואָס זיינען געווען אין הויף, האבן
אים שווייגנדיק באגלייט מיט די אויגן. ער האָט זיך אפילע ניט
אויסגעדרייט; דאָס היטל האָט ער ערשט אָנגעטאָן אפן גאס.
גאוורילע האָט אים נאָכגעשיקט דעמזעלביקן טאקע יעראָשקען
אלס א צוקוקער. יעראָשקע, דערזעענדיק פונווייטן, אז ער איז

אריין אין א שענק צוזאמענ מיטן הונט, האָט געגומענ אפּ אים ווארטן באַם אריינגאנג.

אין שענק האָט מען געקאָנט געראסימענ און מע האָט אים פארשטאנען אפּן ווונק. ער האָט געבעטן באַרשטש מיט פלייש און האָט זיך געזעצט אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אפּן טיש. מומו איז געשטאנען לעבן זיין בענקל, האָט רויק געקוקט אפּ אים מיט אירע קלוגע אייגעלעך. די האָר אפּ איר האָבן ווי געגלאַנצט; מע האָט געזען, אז מע האָט זי נאָרוואָס אויסגעקעמט. מ׳האָט געבראַכט געראסימען באָרשטש. ער האָט אָנגעבראָקט אהין ברויט, האָט אפּ קליינע שטיקעלעך צעשניטן דאָס פלייש און האָט אוועקגעשטעלט אפּן פּאָל. מומו האָט זיך גענומען עסן מיט איר געוויינלעכער העפלעכקייט, נאָר צוגערירט זיך מיט דער מאָרדע צום געקעכץ. געראסים האָט לאַנג געקוקט אפּ איר: צוויי שווערע טרערן האָט זיך פּלוצים ארויסגעקייקלט פון זיינע אויגן; איינע איז געפאלן אפּן קיילעכיקן שטערנדל פונעם הינטל, די צווייטע אין באָרשטש אריין. ער האָט פארשטעלט דאָס פּאָנעם מיט זיין האַנט. מומו האָט אופגעגעסן א האלבן טעלער און איז אָפּגעגאַנגען, זיך באלעקנדיק. געראסים איז אופגעשטאנען, האָט באצאָלט פארן באָרשטש און איז ארויס אינדרויסן, באגלייט פונעם נישט פארשטייענדיקן בליק פונעם קעלנער־דערלאַנגער. יעראָשקע, דערזען געראסימען, האָט א שפּרונג געטאָן הינטערן ראָג, און לאָזנדיק אים פאר זיך, האָט זיך ווידער געלאָזט נאָך אים.



ער האָט געוואָרפן די רודערן און האָט אָנגעבויגן דעם קאָפ צו מוטי...

גערא̇סימ איז געגאנגען ניט גיך און האָט ניט אָפּגעלאָזט מומו פון שטריקל. צוגעקומענ צומ ראָג גאס, האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט, ווי אפ עפּעס צו באטראכטנ, און פּלוצימ האָט ער מיט איילי̇קע טריט זיך געלאָזט גלייך צו קרימער בראָד. אפנ וועג איז ער אריינגעגאנ אינ א הויפ פון א הויז, צו וועלכנ מע האָט געהאלטנ אינ צובויענ א פליגל, און האָט ארויסגעטראָגנ פון דאָרט צוויי ציגל אונטער'נ אָרעמ. פון קרימער בראָד האָט ער פארקערעוועט אפנ ברעג, און דערגאנגענ צו איינעמ אנ אָרט, וווּ עס זיינענ געשטאנענ צוויי שיפלעכ מיט רודערס, צו־געבונדנ צו פּלאנקעס (ער האָט זיי שוינ פונ פריער באמערקט), און איז אריינגעשפּרונגענ אינ איינעמ פון זיי צוזאמענ מיט מומו. א הינקענדיקער אלטיטשקער איז ארויס פון א שאלאש, וואָס איז געשטאנענ אינ א ווינקל פון גאָרטנ, און האָט זיך צע־שריגנ אפ אימ. גערא̇סימ אָבער האָט נאָר א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ און האָט אזוי שטארק גענומענ רודערנ, כאָטש אפילע קעגנ שטראָמ פון טייכ, אז אינ איינ אויגנבליק איז ער אוועק אפּ א קלאפטער הונדערט. דער אלטער איז געשטאנענ, זיך גע־קראצט דעמ רוקנ, צוערשט מיט דער לינקער, דערנאָכ מיט דער רעכטער האנט און האָט זיך אומגעקערט, הינקענדיק אינ שאלאש.

און גערא̇סימ האָט אלצ גערודערט און גערודערט. אָט איז שוינ מאָסקווע פון הינטנ; אָט האָבנ זיך שוינ גענומענ ציענ בא די ברעגעס לאָנקעס, גערטנער, פעלדער, וועלדלעכ, ס'האָבנ זיך

באוויזנ שטיבער, ס׳האָט א שמעק געטאָנ מיט דאָרפ. ער האָט געוואָרפנ די רודערס, האָט אָנגעבויגנ דעמ קאָפּ צו מומו, וואָס איז געזעסנ לעבנ אימ אפנ טרוקענעמ בענקעלע — דער דנאָ איז געווענ פארגאָסנ מיט וואסער, — אונ איז געבליבנ אומבאוועגט, צונויפגעלייגט די מעכטיקע הענט בא זיכ אפנ רוקנ, אינ דער צייט, ווענ די כוואליעס האָבנ דאָס שיפל פאמעלעכנ אָפּגעטראָגנ צוריק צו דער שטאָט. ענדלעכ האָט זיכ געראסימ אויסגע־גלייכט, איילִיק, מיט עפּעס א קרענקלעכנ פארדראָס אפנ פּאָנעמ, ארומגעבונדנ מיט א שטריקל די ציגל, וואָס ער האָט מיטגע־נומענ, האָט געמאכט א שלייפ, האָט אימ אָנגעטאָנ אפ מומוס האלדז, זי אופגעהויבנ איבערנ טייכ, אונ צומ לעצטנ מאָל אפ איר א קוק געטאָנ... זי האָט צוטרוילעכ אונ אָנ שרעק געקוקט אפ אימ, אונ לייכט געפאָכעט מיטנ ווידל. ער האָט זיכ אָפּגע־קערעוועט, האָט פארזשמורעט די אויגנ אונ צענומענ די הענט... געראסימ האָט גאָרניט געהערט: ניט דעמ גיכנ קוויטש פונ דער פאלנדיקער מומו, ניט דעמ שווערנ וואסער־פּליעסק; פאר אימ איז דער סאמע טומלדיקער טאָג געווענ שווייגנדיקער אונ אָנראשיקער פונ דער סאמע שטילסטער נאכט וואָס איז פאר אונדז ניט גאָר אָנ קלאנג, אונ ווענ ער האָט נאָכאמאָל אופגע־עפנט די אויגנ, האָבנ זיי פריער געאיילט איבערנ טייכ, גלייכ ווי גע־יאָגט זיכ איינס נאָכנ אנדערנ, קליינע כוואליעס, ווי פריער האָבנ זיי געפּליושטשעט זיכ אינ די זייטנ פונ שיפל, אונ גאָר ווייט פונהינטנ זיינענ צומ ברעג זיכ צעלאָפנ עפּעס ברייטע קרייזנ.

יערָאשקע, ווי נאָר ער האָט פארלאָרן גערַאסימען פונ׳אויג, האָט ער זיך אומגעקערט אהיים און האָט איבערגעגעבן, וואָס ער האָט געזען.

— נו, אָ, — האָט באמערקט סטעפאן, — ער וועט זי דערטרינ־קען, מע קאָן זיין שוין רויק, אויב ער האָט נאָר צוגעזאָגט...

אין מעשעך פון א טאָג האָט קיינער ניט געזען גערַאסימען, ער האָט אינדערהיים ניט געמיטעקט. ס׳איז געקומען אפדער־נאכט, מע האָט זיך פארזאמלט צו דער וועטשערע — אלע, אויסער אים.

— ס׳אר׳א מאָדנער ער איז, דער גערַאסים, — האָט א זאָג געטאָן די גראָבע וועשערן, — מעג מען זיך דען אזוי אוועקלייגן פאר׳א הונט!... כ׳לעבן!

— גערַאסים איז דאָ שוין געווען! — האָט אויסגעשריגן פלוצים סטעפאן, אָנעמענדיק קאשע מיטן לעפל.

— ווו? ווען?

— מיט א פאָר שאָ צוריק. אוואדע! כ׳האָב זיך מיט אים באגעגנט אין טויער; ער איז שוין ווידער פונדאנעט אוועקגע־גאנגען, פון-הויף ארויסגעגאנגען. כ׳האָב אים געוואָלט א פרעג טאן וועגן הונט, נאָר ער איז ניט אופגעלייגט געווען. נו, האָט ער מיך א שטופ געטאָן; אפאָנעם, ער האָט מיך נאָר אזוי גע־וואָלט אָפּרוקן, שטיי ניט צו, — האָט ער מיר אָבער אזוי אומגע־ווינט דערלאנגט, אזוי, און־אי־אי־אי — און סטעפאן האָט מיט א ניטגערנדיקן שמייכל זיך א קנייטש געטאָן און זיך א רייב גע־

טאָנ דעמ האלדזונאקנ.—יאָ, האָט ער צוגעגעבנ,—א האנט בא
אימ, שוינ איינמאָל א האנט, דאָס מוז מענ מוידע זיינ.

אלע האָבנ זיכ צעלאכט פונ סטעפּאנענ אונ נאָכ דער ווע־
טשערע איז מענ זיכ צעגאנ שלאָפנ. אונ גראָד דעמאָלט אינ
דערזועלביקער צייט האָט איבערנ שאָסיי פּלייסיק אונ אָנ אָפּ־
שטעל געשפּאנט עפּעס א ריז, מיט א זאק אפ די פּלייצעס אונ
מיט א לאנגנ שטעקנ אינ האנט. דאָס איז געווענ גערַאסימ. ער
האָט געיַילט, זיכ ניט אומקוקנדיק, געיַילט אהיימ, צו זיכ אינ
דאָרפ, אינ זיינ געבורט־אָרט.

דערטרונקענ די אָרעמע מומו, איז ער געקומענ צו לויפנ צו
זיכ אינ קעמערל, האָט אפגיכ צונויפגעלייגט זיינ ביסל סקארב
אינ אנ אלטנ לאנטעכ, האָט אימ פארבונדנ, ארופגעוואָרפנ אפ די
פּלייצעס, אונ—זייט מיר געזונט. דעמ וועג האָט ער גוט בא־
מערקט נאָכ דעמאָלט, ווענ מע האָט אימ געפירט קיינ מאָסקווע;
דאָס דאָרפ, פונוואנענ זיינ פּריצע האָט אימ געבראכט, איז געלעגנ
בעסאכאקל א ווערסט פינפונצוואנציק פונ דעמ שאָסיי. ער איז
געגאנ אפ אימ מיט עפּעס אנ אייזנפעסטער געוואגטקייט,
מיט א פארצווייפלטער אונ צוזאמענ דערמיט אויכ פריידיקער
אנטשלאָסנקייט. ער איז געגאנגענ ברייט צעכראסטעט זיינ ברוסט,
די אויגנ האָבנ זשעדנע אונ גלייכ געצילט פאָרויס. ער האָט זיכ
געיַילט, גלייכ אנ אלטע מוטער וואַרט אפ אימ אינ זיינ געבורט־
אָרט, גלייכ זי האָט אימ גערופנ צו זיכ נאָכ א לאנגנ אומוואנ־
דערנ אינ א פרעמד לאנד, צווישנ פרעמדע מענטשנ... די נאָר־

וואָס צוגעפּאַלענע זומער־נאַכט איז געווען שטיל און וואַרעם; פון איין זייט, דאָרט, ווּהין די זון איז פאַרגאַנגען, האָט דער עק הימל נאָך געבלאַסט און נאָך שוואַך זיך געררויטלט מיטן לעצטן אָפּגלאַנץ פונעם פאַרשווּנדענעם טאָג; פון דער צווייטער זײַט האָט זיך שוין אויפגעהויבן אַ בלאָ־גראָווע דעמערונג. די נאַכט איז געקומען פונדאָרט... גערעסים האָט ניט געקאָנט הערן די זינגענדיקע פייגעלעך, ניט געקאָנט הערן אויך דאָס שטיל־וואַקסנדיקע נאַכטישע שורשן פון די ביימער, פאַרביי וועלכע עס האָבן אים דורכגעטראָגן זײַנע שטאַרקע פיס, נאָר ער האָט געפילט אַ באַקאַנטן גערוך פון רייף־געוואָרענעם קאָרן, פון וועלכן ס׳האָט אַזוי געשמעקט פון די פינצטערע פעלדער; ער האָט געפילט, ווי אַזוי דער ווינט, וואָס פליט אים אַנטקעגן, דער ווינט פון זײַן געבורט־אָרט — האָט אים צערטלעך אַ קלאַפּ געטאָן אין פּאָנעם, האָט געשפּילט מיט זײַנע האָר און באָרד; ער האָט דערזען פאַר זיך דעם ווײַסן וועג, וואָס פירט אַהיים, דעם גלײַכן, ווי אַ סטרונע; ער האָט געזען די אָנצאָליקע שטערן, וואָס האָבן באַלויכטן זײַן וועג, און ווי אַ לייב איז ער אַרויסגעטראָטן שטאַרק און מוטיק, אַזוי, אַז ווען די אויפגייענדיקע זון האָט באַלויכטן מיט אירע פּייכט־רויטע שטראַלן דעם פאַרשוין, וואָס האָט זיך ערשט נאָרוואָס צעגאַנגען איז צווישן מאָסקווע און אים שוין געלעגן אַ פינפונדרייסיק ווערסט...

אין צוויי טעג אַרום איז ער שוין געווען אינדערהיים, אין זײַן שטיבעלע, צום גרויסן באַוווּנדערן פון דער סאָלדאַטקע,

וועלכע מע האָט אהינ ארייננגעזעצט. אָפּגעבעטנ פאר די היי־ליקע בילדער, האָט ער זיכ באלד אוועקגעלאָזט צומ סטאראָ־סטע. דער סטאראָסטע האָט זיכ צוערשט פארוווּנדערט, נאָר דער היי־שניט האָט זיכ ערשט אָנגעהויבנ: גערשאסימענ, ווי אנ אויס־געצייכנטנ היי־שניטער, האָט מענ באלד טאקע געגעבנ א קאָסע אינ די הענט, — אונ אוועק איז ער קאָסענ אפנ אלטנ שטייגער, אזוי צו קאָסענ, אז די פּויערימ האָבנ זיכ נאָר געבידעשט, קוקנ־דיק אפ זיינע פּאָכ אונ פארנעמ...

אונ אינ מאָסקווע, אפנ צווייטנ טאָג נאָכ גערשאסימס אנטלויפנ, האָט מענ זיכ געכאפּט, מע איז ארייננ צו אימ אינ קעמערל, מע האָט עס ארומגעזוכט, דערציילט גאווריִלענ, יענער איז געקומענ, א קוק געטאָנ, א קנייטש געטאָנ מיט די אקסלענ אונ באשלאָסנ, אז דער שטומער איז אָדער אנטלאָפנ, אָדער ער איז דערטרונ־קענ געוואָרנ צוזאמענ מיט זיינ נארישנ הינטל. מע האָט געגעבנ צו וויסנ וועגנ דעמ דער פּאָליציי, געמאָלדנ דער פּריצע. די פּרי־צע האָט זיכ געבייזערט, זיכ צעוויינט, געהייסנ אימ אומבא־דינגט אָפּזוכנ, פארזיכערט, אז זי האָט קיינמאָל ניט באפוילנ צו פארניכטנ דאָס הינטל אונ, לעסאָף, האָט זי גאווריִלענ־אזוינס גע־געבנ, אז יענער האָט דעמ גאנצנ טאָג נאָר געטרייסלט מיטנ קאָפּ אונ געהאלטנ אינ אײנ זאָגנ „נו", ביז דער פעטער כוואָסט האָט אימ ניט איינגענומענ, זאָגנדיק אימ: „נו־נו". לעסאָף איז געקומענ א ידיע פונ דאָרף, וועגנ גערשאסימס אָנקומענ אהינ. די פּריצע האָט זיכ אביסל באַרויִקט; צוערשט האָט זי געגעבנ א באפעל

טייקעפ אימ ארויספאָדערנ צוריק קיינ מאָסקווע, דערנאָכ האָט זי פונדעסטוועגנ דערקלערט, אז אזא אומדאנקבארער מענטש איז איר ביכלאל ניט נייטיק. אגעוו, זי אליינ איז באלד דערנאָכ געשטאָרבנ, אונ אירע יאָרשימ האָבנ שוינ געראסימענ ניט אינ זינענ געהאט: זיי האָבנ אפילע דער מוטערס אלע איבעריקע מענטשנ אָפגעלאָזט אפ צינזש־דינסט.

אונ געראסימ לעבט נאָכ ביז איצט איינער אליינ אינ זיינ איינזאמ שטיבעלע, איז געזונט אונ מעכטיק, ווי פריער, אונ אר־בעט פאר פיר, ווי פריער, אונ איז אויכ, ווי פריער, ערנסט אונ געזעצט.

